ה. ערליך

# וואַקסן, וואַקסן בלימעלעך

(קינדער־לידער)



אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרלאַג „קאַיאַר"
יאָהאַנעסבורג, דרום־אַפריקע,
תשכ"ד — 1964

# אינהאַלט:

איינס, צװײ, דרײַ פֿיר —
קינדער קלאַפּן אין מײַן טיר.
קינדער גוטע קומט אַרײַן
װעט איר גוטע געסט דאָ זײַן.

מ אַ נ י  ל ײ ב.

# וואַקסן, וואַקסן בלימעלעך

וואַקסן, וואַקסן בלימעלעך
טיף אין אונדזער גאָרטן.
גרעסערע און קלענערע
געפינען זיך דאָרטן.

די קאָלירן שיינינקע,
צו קוקן — אַ מחיה.
יעדער טאָג אַלץ פרישינקע
בלעטעלעך גאָר נייע.

באַגיס איך מיינע בלימעלעך,
און גיב אַ צאַרטן ריר.
און ווען איך קום פון שול אהיים,
זיי וואַרטן שוין אויף מיר.



# חנהלעס געבוירן־טאָג

עס איז די קליינע חנהלע
געוואָרן זיבן יאָר.
פאַרפלאָכטן אירע צעפּעלעך,
מיט בענדעלעך — די האָר.

דאָס הויז איז פול מיט קינדערלעך,
מתנות אָן אַ צאָל:
איינע ברענגט אַ טעדי־בער,
אַ צווייטע ברענגט אַ „דאָל".

אַ דריטע ברענגט אַ העזעלע —
אַ העזעלע וואָס טאַנצט.
חנהלע, זי קוקט אויף דעם,
און ס'פּנימל עס גלאַנצט.

זיבן קליינע ליכטעלעך
ווי נאָדעלעך די גרויס —
די מאַמע צינדט זיי פריילעך אָן,
און חנהלע לעשט אויס.

די קינדערלעך צעזינגען זיך,<br>
עס העלפט דער טעדי־בער.<br>
חנהלע פֿאַרשעמט זיך באַלד<br>
און לאָזט ארויס אַ טרער...





# עטעלע און איר ליאַלקע

זיצט די קליינע עטעלע
און מאַכט צורעכט דאָס בעטעלע:
די ליאַלקעלע וויל שלאָפן.
אַי־לו־לו־לו, קינדעלע,
שלאָף געזונט, מיין הינדעלע —
(עס איז שוין אויסגעשלאָפן).

נעמט די קליינע עטעלע
דאָס קינד ארויס פון בעטעלע:
די ליאַלקעלע וויל עסן.
נעמט זי מילך אַ ביסעלע,
גיסט אריין אין שיסעלע —
(עס האָט שוין אָפגעגעסן).

נעמט זי אָן איר הענטעלע,
טוט איר אָן אַ מענטעלע,
און גיט אַ קוש אין שטערן:
וויין ניט, נאַריש פייגעלע,
מאַך ניט נאַס דיין אייגעלע —
אַ מאַמען דאַרף מען הערן!



# אין שול

די מאַמע האָט אוועקגעפירט
חנהלען אין שול.
זיצט זי שטיל און אומעטיק —
דאָס הערצעלע איז פול.

זי ווישט די קליינע אייגעלעך,
פאַרגייט אין אַ געוויין:
די מאַמע איז ניטאָ מיט איר,
זי וויל ניט זיין אליין.

דער לערער גלעט איר קעפּעלע —
זי זאָל קיין נאַר ניט זיין,
צו וויינען פאַר אַ מיידעלע
איז אין שול ניט פיין.

זי ווישט זיך אויס די אייגעלעך:
— אַ פייגעלע עס פליט,
עס לאַכן אלע קינדערלעך
און חנהלע לאַכט מיט.

#ביים דענטיסט

עס טוט דער קליינער עטעלען
אַ ציינדעלע שטאַרק ווײ.
זי האַלט זיך פאַרן בעקעלע
און גיט אַ גרויס געשריי.

פירט די מאַמע עטעלען
צום דענטיסט גלייך אַוועק.
דערזעט זי דאָרט די צווענגעלעך
און וויינען נעמט פון שרעק.

— האָב קיין מורא, מיידעלע,
איך וועל דיר גאָרנישט טאָן.
עפן נאָר דאָס מיילכעלע,
און — אָט איז שוין דער צאָן.

שטייט זי און זי וווּנדערט זיך
און קען עס ניט פאַרשטיין:
ערשט געהאַט אַ ציינדעלע,
און אָט — ניטאָ מער שוין.



# עס האָט חנהלע אַ קעצעלע

עס האָט חנהלע אַ קעצעלע,
גלעט זי עס און גלעט.
און שלאָפן מוז דאָס קעצעלע
מיט חנהלען אין בעט.

זי האַלט דאָס קליינע קעצעלע
שטענדיק נעבן זיך.
און ווען זי דאַרף ארויסגיין ווו
לאָזט זי עס אין קיך.

פאַר חנהלען דאָס קעצעלע
איז איינע אין אַ וועלט.
עס טרינקט די מילך פון טעצעלע,
און חנהלע — זי קוועלט.

זי טוט איר אָן אַ יאַקעלע,
עס זאָל ניט ווערן קראַנק.
עס קוקט אויף איר דאָס קעצעלע
און גיט איר אָפּ אַ דאַנק.



# אין שפּאַס

עס האָט דאָס קליינע טעכטערל
נאָכגעטאָן דער מאַמען —
(די מאַמע איז אוועק אין גאַס
און וועט זיך לאַנג נאָך זאַמען).

זי נעמט ארויס דער מאַמעס פאַרב
און פאַרבט זיך אָן די ברעמען.
אַ קוק אין שפּיגל: יאָ, ס׳איז פיין,
זי דאַרף זיך גאָר ניט שעמען.

זי פאַרבט זיך אָן די ליפּעלעך,
ווי עס טוט די מאַמע:
אַ ביסל פאַרב די בעקעלעך —
און שוין, זי איז אַ דאַמע.

די מאַמע קומט צו גיין און זעט
דאָס קינד מיט שוואַרצע ברעמען:
אזא קליין מיידעלע ווי דו,
פע, דו דארפסט זיך שעמען.



דאָס טעכטערל — עס קוקט זי אָן
ווי ס׳וואָלט זי ווען פרעגן:
אויב די מאַמע מעג עס טאָן —
פאַרוואָס זאָל זי ניט מעגן?...

# שטייט אַ קליינע מיידעלע

שטייט אַ קליינע מיידעלע —
אַ פּנימל אַ פריש.
אַ דין און גאָלדיק שמייכעלע
צעגיסט זיך אזוי זיס.

און דערביי אַ יינגעלע
נעמט צערטלעך אָן איר קאָפּ.
אַ קוש — אַ זילבער גלעקעלע
קייקלט זיך אַראָפּ.

פאַרשעמט זיך באַלד דאָס מיידעלע,
אַנטלויפט מיט אַ געוויין.
אומעטיק דאָס יינגעלע —
בלייבט איינינקער אליין.



# דער פּאָפּוגיי

עס האָט דער טאַטע אונדז געבראַכט
אַ פּאָפּוגיי אַ גראָ.
ווען איך קום, באַגריסט ער מיך:
האַלאָ! האַלאָ! האַלאָ!

בעט איך, אַז די מאַמע זאָל
דערציילן מיר וואָרום
ריידן קען א פּאָפּוגיי,
און אַ קאַץ איז שטום.

גיט די מאַמע מיר אַ זאָג
און שמייכלט נאָך דערצו,
ווייל עס האָט אַ פּאָפּוגיי
אַ צינגעלע ווי דו...

# דאָס זייגערל

עס האָט דער טאַטע בערעלען
אַ זייגערל געבראַכט.
שפּילט מיט דעם זיך בערעלע
טאָג אַזוי ווי נאַכט.

לייגט ער צו צום אויערל
צו הערן אויב עס גייט.
קוקט ער אויף די ווייזערלעך,
דאָס זייגערל — עס שטייט.

עפנט ער דאָס דעקעלע
אַ קוק צו טאָן און שוין —
געפעלן אים די רעדעלעך
וואָס זיינען אַזוי קליין.

דרייט ער אָפּ די שרייפעלעך
וויפל נאָר ער קען,
נעמט אַרויס די רעדעלעך —
קיינער זאָל ניט זען.



ווייל ער איצט דאָס זייגערל
ברענגען ווי געוועז,
ווייס ער ניט וואָס ס'איז מיט
די שרייפעלעך געשען.

שטייט דער קליינער בערעלע,
דאָס קעפּעלע געבויגן.
און טרערעלעך ווי פּערעלעך
זיך קייקלען פון די אויגן.

# מיין באָבע

מיין באָבע איז אַ גוטע,
זי גיט מיר וואָס איך וויל.
וואָס איך זאָל ניט בעטן,
איז קיינמאָל ניט צופיל.

מיין באָבע וואָלט אַלץ וועלן
מיך האָבן נעבן זיך.
זי גייט ארום פאַראומערט
ווען איך קום ניט אזוי גיך.

און מעשהלעך גאָר שיינע
דערציילט זי מיר אזוי:
ווי ס'איז אַ האָן געפלויגן
און אויסגעלייגט אַן איי.

און ווי אזוי אַ קאַץ
ערגעץ אין אַ הויז,
אַנטלאָפן איז פון שרעק
דערזעענדיק אַ מויז.



און ווי עס האָט אַ האָז
ניט וויסנדיק פֿאַרוואָס,
געגעבן הויך אַ געגעץ
און דערביי אַ נאָס.

און מעשהלעך אַזעלכע
דערציילט זי מיר אַ סך.
איך קוק איר אין די אויגן,
הער זיך צו און לאַך.

# בלומען־טאָג

בלומען, בלומען, בלומען,
בלומען אָן אַ שיער.
בלומען אין די פענצטער,
בלומען ביי דער טיר.

בלומען אין די גאַסן
אויסגעשטעלט אַ פּראַכט.
די קאָלירן פינקלען
ווי שטערן אין דער נאַכט.

קוק איך אויף די בלומען
קוק און ווער ניט מיד,
ווי יעדער בלום באַזונדער
זינגען וואָלט אַ ליד.





# דאָס קליינע הינטעלע

איך האָב אַ קליינעם הינטעלע,
אַ הינטעלע אַ גאָלד.
קוש איך אים דאָס קעפּעלע
און האָב אים זייער האָלט.

זאָגט די מאַמע: טעכטערל,
דו זאָלסט עס מער ניט טאָן.
פון קושן קליינע הינטעלעך
פאַלט ארויס אַ צאָן.

פיר איך אים אין שול אַוועק
און זעץ אים אויף אַ שטול.
זאָגט דער לערער: הינטעלעך
גייען ניט אין שול.

ברענג איך אים אהיים צוריק
און נעם מיט אים זיך שפּילן,
שרייט די מאַמע, אז ער האָט
נאַס געמאַכט די דילן.



קוק איך אויפֿן הינטעלע
מיט טרערן אין די אויגן.
ווייס איך מער ניט וואָס צו טאָן,
און ווו איך זאָל אים לייגן...

# געקומען איז דער שטאָרך

געקומען איז דער שטאָרך צו אונדז
און אָנגעקלאַפּט אין טיר,
און געבראַכט דער מאַמען האָט
אַ שוועסטערל פאַר מיר.

אַ שוועסטערל אַ קליינינקע,
מיט הערעלעך אָן צאָל.
און אייגעלעך גאָר בלאַינקע
אזוי ווי ביי מיין „דאָל".

נעם איך אָן איר הענטעלע
אַ קוש צו טאָן, און שוין —
עפנט זי דאָס מיילכעלע
און באַלד מיט אַ געוויין.

ריר איך אָן איר פיסעלע
שרייט זי גאָר אַ שרעק.
לאָז איך זי אין בעטעלע
און גיי פון איר אַוועק.

זאָג איך: מאַמע, ווען דער שטאָרך
וועט אָנקלאַפּן אין טיר,
בעט אים, ער זאָל ברענגען איצט
אַ ברודערל פאַר מיר...



# זיצט אַ פויגל אויף אַ בוים

זיצט אַ פויגל אויף אַ בוים
און טרעלט.
שטייט אַ יינגעלע דערביי
און קוועלט.

זאָג מיר, פויגל, ווער דו ביסט
און דערצייל מיר ווו דו פליסט.
האָסטו שוועסטער, האָסטו ברידער,
און ווו נעמסטו דיינע לידער ?

האָסט אַ טאַטן, האָסט אַ מאַמען,
ביסטו ווען מיט זיי צוזאַמען ?
און ווען נאַקעט איז דער בוים,
האָסטו ווו אַ וואַרעם היים ?



װען דו פֿליסט אין װײַטן לאַנד,
לאָמיר פֿליען זאַלבעאַנד.
ברענג צוריק מיך צו מײַן טיר,
װוּ מײַן מאַמע װאַרט אויף מיר.

זינגט דער פֿויגל הויך זײַן ליד,
זינגט און זינגט און װערט ניט מיד.



# מיין טעדי־בער

איך ווייס ניט וואָס עס איז דער מער
מיט מיין גרויסן טעדי־בער.
ווי איך גיב אים נאָר אַ ריר
נעמט ער קרעכצן אָן אַ שיער.

לייג איך אים אריין אין בעט,
פּרווו אים געבן נאָר אַ גלעט,
כאַפּט זיך אויף מיין טעדי־בער
און ווי פריער קרעכצעט ער.

רייד איך לאַנגזאַם, אזוי שטיל
און איך פרעג אים וואָס ער וויל,
וואָס עס טוט אים אזוי וויי,
אז ער קרעכצעט אַלץ אזוי.

שטייט די מאַמע און זי לאַכט,
לאַכט און לאַכט און זאָגט דערביי:
קראַנק איז נאָר דיין טעדי־בער
פון עסן צופיל נאַשעריי...

# ווען איך זאָל זיין אַ פייגעלע

ווען איך זאָל זיין אַ פייגעלע
אין אַ שטייגעלע פאַרשפּאַרט,
צעבראָכן כ'וואָלט דאָס שטייגעלע
אויף קיינעם ניט געוואַרט.

און געפלויגן ווייט אַוועק
אויף אַ הויכן בוים.
און אַ נעסט געבויט זיך דאָרט,
געבויט פאַר זיך אַ היים.

און פייגעלעך וואָלט איך געהאַט
טאַקע אָן אַ צאָל,
און געזונגען וואָלטן מיר
אַלע מיט אַמאָל:

עפּנט אויף די שטייגעלעך,
איר מענטשן גוט און פיין.
ס'איז אומעטיק די פייגעלעך
אין שטייגעלעך צו זיין...



# אויפֿן דאַך שטייט אַ האָן

אויפֿן דאַך שטייט אַ האָן,
שטייט און ווייסט ניט וואָס צו טאָן,
ווערט ער אומרואיק — אַ שרעק,
הויבט זיך אויף און פֿליט אַוועק.

פֿליט און פֿליט און ווייסט ניט ווו,
זעט ער ווי עס פֿליט אַ קו.
כאַפּט ער אָן די קו ביים עק,
און ער פֿליט מיט איר אַוועק.

זעט ער ווי עס פֿליט א ציג,
אויף די הערנער שטייט אַ פֿליג,
און פֿון הינטן פֿליט אַ האָז
מיט אַ קעלבל אויפֿן נאָז.

שטייען קינדערלעך אין גאַס
און זיי לאַכן פֿונעם שפּאַס,
ווי געפֿלויגן איז אַ קו,
און מען ווייסט ניט ווען און ווו...



# דער העלפאַנט אין דער זו

דער העלפאַנט אין דער „זו"
גרויס איז ווי אַ הויז.
און אויגן האָט ער קליינע
אזוי ווי ביי אַ מויז.

און פיס אזעלכע גראָבע,
גרעבער ווי ביים פערד.
און אַ נאָז אַ לאַנגן,
גרייכט עס ביז דער ערד.

און אַן עק אַ קורצן —
קוים ער זעט זיך אָן.
און דערצו נאָך האָט ער
אין מיטן נאָז אַ צאָן.

האָב איך ליב צו קוקן,
ווי ער טרעט און טרעט.
וויל ער אָבער שלאָפן,
וואו נעמט ער אזא בעט ?...

# דער קונצן־מאַכער

ווי דער קונצן־מאַכער גיט
מיט די הענט אַ מאַך,
פֿליען פֿון זיין הוט ארויס
ענטעלעך אַ סך.

זיי גייען און זיי קוואַקענען :
קוועק, קוועק, קוועק.
פּאַטשן מיט די פֿליגעלעך
און גייען באַלד אַוועק.

גיט ער ווידער מיט די הענט
פֿון דאָסניי אַ מאַך,
און פֿון הוט באַווייזן זיך
טייבעלעך אַ סך.

קלאַפּן מיט די שנעבעלעך :
טיק, טיק, טיק.
קושן זיך און האַלדזן זיך
און פֿליען באַלד צוריק.

שפרייט ער ווידער אויס די הענט
און ער זאָגט א שפּרוך.
קומען קליינע הינדעלעך
מיט פעדערן ווי פּוך.

עפענען די מיילכעלעך
און פּישטשען אויפן קול.
פּלוצלונג אַלע הינדעלעך
פאַרשווינדן מיט אַמאָל.

הויבט ער אָן צו זינגען איצט :
דידל, דידל, דיי —
נעמען פון זיין אַרבל גיין
העזעלעך גאָר דריי.

בלייבן שטיין די העזעלעך
אומעטיק און שטיל.
גיט ער מיט די הענט אַ מאַך —
געענדיקט איז דאָס שפּיל.

# ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט

ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט
איז אַ מעשה זיך פֿאַרלאָפֿן —
אין אַ שיינעם זומער־טאָג
איז די זון פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן.

שטייען מענטשן אויף דער גאַס,
שטייען ווי פֿאַרלאָרן.
ערשט געווען איז די זון
און פּלוצלונג ניט געוואָרן.

ווערט אַ טומל, אַ געלאַף,
און מען זוכט אין אַלע היימען.
איינער זוכט די זון אין בעט,
און אַ צווייטער זוכט אין קוימען.

קומט אַ דריטער און דערציילט,
אַז ער ווייסט דעם גאַנצן סוד.
ער איז זיכער, אַז די זון
ליגט באַהאַלטן טיף אין באָד.

ווערט עס ווידער אַ געלאַף
און מען זוכט דאָרט שעה נאָך שעה.
ביז זיי זעען אז די זון
איז אין באָד שוין אויך ניטאָ.

גייט אַ וואַנדערער פאַרביי
מיט די אויגן האַלב פאַרשלאָפן:
„האָט איר אפשר ווו געזען
אָט די זון וואָס איז אַנטלאָפן?"

קוקט דער וואַנדערער זיי אָן
און מיט אַ שמייכל ענטפערט זיי:
„אויב אַנטלויפן קען די זון,
קענט איר נעמען קייען שטרוי".



# טשאָמבי, דער קיטשן־באָי

טשאָמבי איז אַ קיטשן־באָי,
און ער אַרבעט שווער.
ווײדזשעס[1] טאַקע ניט קײן סך —
נעמען קריגט ער מער און מער.

עס פרעגט אים ניט די מיסעס
וואָס עס איז זײן נאָמען.
צי מען רופט אים פּיטער,
צי מען רופט אים המן.

אײנע רופט אים — דזשאָן,
אַ צווײטע רופט אים — דזשעק.
אַ דריטע רופט אים — דזשים,
אַ פירטע רופט אים — מעק.

און א פינפטע קלערט בײ זיך:
ער קוקט אויס אזוי דין.
און באשליסט אז רופן אים
וועט זי פּ י ק ע נ י ן.

---

[1] שכירות.



צו געדענקען אַלע נעמען
איז פאַר טשאַמבין שווער.
טרעפט אַמאָל אז ער אליין
פאַרגעסט, אז דאָס איז ער.

אויף זיין בעטל אויסגעצויגן
ליגט ער זיך און טראַכט.
ציילט אין זיך די אַלע נעמען.
יאָ, ער האָט שוין אַכט.

טשאַמבי אָבער קען ניט רוען,
קען ניט שלאָפן, קען ניט עסן.
און עס דאַכט זיך אים כסדר,
ער זיין נאָמען האָט פאַרגעסן.

פאַקט ער איין זיין אָרעם פעקל
און ער וואַרפט אַ לעצטן בליק.
לאָזט די מיסעס מיטן קיטשן
און ער פאָרט אהיים צוריק.

# מיסטער, מיסטער, פליעז אַ סענט!

קינדער שוואַרצע, ניט געגעסן
— ווי מען וואָלט אָן זיי פאַרגעסן —
דרייען אום זיך אין די גאַסן,
ניט געשלאָפן, ניט געוואַשן.

שטעלן אויס די דאַרע הענט:
מיסטער, מיסטער, פליעז אַ סענט!
טרעפט אַמאָל, אז ווו־ניט־ווו
וואַרפט אַ סענט זיי איינער צו.

שטרעקן אַלע אויס די הענט,
יעדער כאַפּן וויל דעם סענט.
גיט דער סענט אַ קייקל זיך
און פאַרשווונדן ווערט אויף גיך.

נעמט עס אַ מינוט צי דריי,
ביז אַ צווייטער גייט פאַרביי,
שטעלן ווידער אויס די הענט:
מיסטער, מיסטער, פליעז אַ סענט!



טאָג פאַר טאָג, קאַלט צי נאַס
קינדער שוואַרצע אויף דער גאַס,
שטעלן אויס די דאַרע הענט :
מיסטער, מיסטער, פליעז אַ סענט !...



# דער טויט פון אַ פּרינץ

האָט אַמאָל געהאַט אַ מלך
אַ בן־יחיד גאָר אַ פּראַכט,
און האָט אָנגעזאָגט די דינער
אים צו היטן טאָג און נאַכט.

גייט דער פּרינץ ארומגערינגלט
מיט באַדינער אָן אַ ברעג,
היט מען אים פון אַלע זייטן —
ניט אראָפּצוגיין פון וועג.

דאַרף דער פּרינץ זיך נעמען אָנטאָן,
קומען דינער גאָר אויף גיך.
איינער טוט אים אָן דאָס היטל,
טוט אַ צווייטער אָן די שיך.

און אַ דריטער שמירט זיין פּנים
מיט אַ שמעקעדיקן מינץ.
און אַ פירטער פוצט די נעגל,
ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ פּרינץ.

און דער פּרינץ ער זיצט אין פּאַלאַץ
זיצט און קוקט נאָר אויף די ווענט.
ווייל ניט שיין איז פאַר די פּרינצן
איינצושמירן זיך די הענט.

פלוצלונג ווערט אין לאַנד אַ טומל —
ס'איז דער פּרינץ געוואָרן שוואַך.
קומען, לויפן — אונטערטאַנען,
יעדער ברענגט אַן אַנדער זאַך.

ווייל זיי ווייסן, אז ביים מלך
איז דער פּרינץ די קרוין פון קאָפּ.
און זאָל חלילה עפּעס טרעפן,
קען פון זינען ער אַראָפּ.

האָט דער מלך גלייך באַפוילן
קומען זאָלן ווינטן באַלד.
זאָלן ברענגען די מכשפים,
וועלכע ווינען טיף אין וואַלד.

און זיי זיינען אָנגעקומען
פון די ווינטן שנעל געבראַכט.
און די כישוף־מאַכער זיצן
אין דעם פּאַלאַץ טיף פאַרטראַכט.

מאַכן כישוף, זאָגן שפּרוכן,
קוקן טיף אין זיין געזיכט.
און דער קראַנקער ליגט אין פּאַלאַץ,
גייט אויס לאַנגזאַם ווי אַ ליכט.

קומט צוגיין אַ מאַן אַן אַלטער,
— ניט געוואַרט ס׳זאָל ווערן טאָג —
לאַנגזאַם גייט ער צו צום מלך
און ער גיט צו אים אַ זאָג :

הער זיך צו, אדוני מלך,
לייג דיין אויער צו און הער,
פאַר מיין טיפן עלטער דאַנק איך,
וואָס איך האָב געאַרבעט שווער.

זאָל דער פּרינץ אַ שמיד נאָר ווערן —
שמידן אייזן פּונקט ווי איך.
איך פאַרזיכער דיר, מיין מלך,
געזונט דער פּרינץ וועט ווערן גיך.

אויפגעשפּרונגען איז דער מלך
פול מיט צאָרן און מיט וויי,
אָנגעקוקט האָט ער דעם אַלטן
און געענטפערט אים אזוי :

— ארבעט, ארבעט איז געגעבן
פאַר די פּראָסטע מענטשן נאַר.
פּרינצן דאַרפן אומגיין ליידיק
און ניט אָנרירן קיין האָר.

גיי אהיים, דו נאַר דו אַלטער,
— האָט ער שאַרף אַ זאָג געטאָן —
זאָל דיין פּנים זיך ניט ווייזן
מיטן ערשטן קריי פון האָן.

און עס האָט דער מאַן דער אַלטער
פאַרן מלך זיך געקניט.
און פארלאָזן האָט דעם פּאַלאַץ
מיט אַ זייער שווער געמיט.

און דער פּרינץ איז אויסגעגאַנגען
זינגנדיק זיין לעצטע ליד:
בעסער שטאַרבן ווי אַ מלך,
איידער לעבן ווי אַ שמיד...

